# שטיצט די קרן־היסוד־אַקציע אין ראַדאָם.

Radomer-Kielcer Leben № 11 (301) „Nal. poczt. uiszczono ryczałtem" יינט 8 זייטען VII־ער יאָהרגאַנג

# ראַדאָמער-קעלצער לעבען

Radom Piątek 14 Marca 1930

ראַדאָם, פרייטאַג י״ד אדר תר״ץ

פרייז 25 גראָשען.

Redakcja i Admistracja
Radom, Szwarlikowska 20.

Oddział w Kielcach.



צו מיין אַברייזען צוריק נאָך אַמעריקאַ געפין איך פאַר נויטיג מיט־צוטיילען די יודישע בעפעלקערונג אין ראַדאָם, אַז איך האָב 2 מאָהל בעזוכט דעם „בית-יתומים" אין דער אַנוועזענהייט פון דער פער־וואַלטונג אין דער שפיץ פון פר׳ ד״ר מוליער. איך דריק אויס מיין אַנער־קענונג פאַר דער מוסטערהאַפטער אָרדנונג, וואָס איך האָב אָנגעטראָפען אין דער אינסטיטוציע. איך וועל זיך בעמיהען מיט אַלע מעגליכקייטען, אַז די אינסטיטוציע זאָל ווי געהעריג אונטערשטיצט ווערען.

**איך אינש די קינדער אַ זייט-געזונד און אַ גוטע ערציהונג.**

גלייכצייטיג האַלט איך פאַר מיין ח״ב אויסצודריקען די פולע אַנער־קענונג די ג׳ פערוואַלטונג פון „חינוך-ילדים", וועלכע, נישט קוקענדיג אויף זייערע שוואַכע פינאַנציעלע מיטלען, לייסטען זיי אַלעס מעגליכעס פאַר דער דערמאָנטער אינסטיטוציע, וואו די קינדער בעקומען אַ עכטע יודישע קולטורעלע ערציהונג, וועלכעס האָט אויף מיר געמאַכט דעם בעסטען איינדרוק.

**איך ווינש זיי אַלע ערפאָלג און אַ זייט-געזונד.**

אויך די פאַך-קורסען, וועלכע ווערען אָנגעפיהרט דורך דעם דירעקטאָר אינזש. לעווי האָבען אויף מיר געמאַכט אַ קאָלאָסאַלען איינדרוק. צוליב דעם, וואָס די דאָזיגע אינסטיטוציע איז פאַר אונז אַמעריקאַנער גע־ווען ביז איצט אומבעקאַנט, העל איך האַבען פאַר אַ ח״ב מיטצוטיילען וועגען איהר וויכטיגקייט אונזערע לאַנדסלייט אין אַמעריקאַ און די שולע וועט, האָפענטליך, געשטיצט ווערען.

גלייכצייטיג דריק איך אויס מיין פולע אַנערקענונג די ליימונג פון די קורסען. איך ווינש זיי אַ זייט-געזונד און זאָלען זיי ערציהען די יודישע זוקונפטיגע האַנדווערקער אַלס קולטורעלע, אינטעליגענטע מענשען און גוטע פאַך-לייט.

**זייט געזונד.**

**טשאַלי ראַדאָמסקי.**





זונטאג ט״ז אדר דעם 16 מערץ 4 אַ זייגער נאָכמיטאָג

צו דער ערשטער טרויריגער יאָהר־צייט פון דער אונפערגעסליכער

**מרים מושקאַטבליטה ז״ל**

וועט אויפ׳ן בית עולם אויף גענשא אין האַרשאַ געשטעלט ווערען אַ מצבה און געמאַכט ווערען אַ הזכרה. וועגען דעם איז מודיע

**די טרויערענדע פאַמיליע.**

# א אינסטיטוציע, וואס אלע אנערקענען זי פאר נוצליך אבער שטיצן איהר ווייניג.

צווישען די ראדאמער אינסטיטוציעס, וואס פערנעמען זיך איבערהויפט מיט וואהלטהעטיגע ארבייט, ציהט-צו א בעזונדערע אויפמערקזאמקייט א אינסטיטוציע, וואס ווערט דורך יעדען פערנונפטיגען מענש אנערקענט אלס א פאקטישע נויטווענדיגקייט. מיר מיינען אין דעם פאל די געזעלשאפט „לינת הצדק", וואס פיהרט אויס א שטיל, בעשיידענע, אבער א זעהר וויכטיגע ארבייט לטובת א סך יודען פון אונזער שטאדט.

די דאזיגע סימפאטישע אינסטיטוציע פערדיענט באמת מ'זאל איהר ווידמען א פאר ווארימע שורות, וועלכע זאלען א חוץ אויסמונטערן און וועקען מעהר אינטערעס ביי די לעזער, אויך דערמאנען צום גוטען די מענשען, וואס גיבען אוועק פיעל מיה און ארבייט די אינסטיטוציע צו דערהאלטען.

דער נאמען „לינת · הצדק" האט אין דער יודישער געזעלשאפט שוין לאנג געפונען זיין געהעריגען אבקלאנג. דער אויסדרוק איז אזוי פאפולער און קלאר-פערשטענדליך, אז ס'נויטיגט זיך לגמרי נישט צוגעבען ברייטע ערקלערונגען וועגען זיין בעדייטונג. דער בלויזער נאמען איז א פראגראם און א אויספיהרליך · פארמולירטע דעקלאראציע. יעדער איינער, מעג זיין דער ווייניג-בעהאוסטזיניגער, אויב איהר וועט איהם פרעגען, וואס דאס ווארט „לינת-הצדק" בעדייט, וועט ער אייך אהן שום שהיות גלייך ערקלערען, וואס דערמיט ווערט געמיינט. דאס איז א גרויסע מעלה פאר א געזעלשאפט און בעווייזט בולט אויף די פערדיענטע בירגער-רעכט, וואס זי האט זיך ערווארבען אין יודישען לעבען. אזא גרויסע ראנגע פון א אינסטיטוציע ווערט דערהויבען צו דער מדרגה פון א טראדיציע, וועלכע נויטיגט זיך נישט אין בעזונדערע פירושים, נאר איז פון זיך אליין פערשטענדליך און געפינט ביי יעדען זיין מיטשטימונג.

ארויסגעהענדיג פון שטאנדפונקט פון פאפולאריטעט און עלעמענטארער זעלבסטפערשטענדליכקייט וואלטען מיר אפשר כלל נישט געברויכט אויף דאס ניי רעקלאמירען אזא אינסטיטוציע ווי עס איז א לינת-הצדק. ווען מען וועט אבער נעמען אין בעטראכט אונזער היינטיגען לעבענס-שטייגער מיט אלע זיינע אנגעווערטאגטע זייטען און ריסוק-איברים'דיגע ווינקעלעך, וועט מען איינגעפונען דעם היפוך, אז גראד וועגען אזא פאר אלעמען פערשטענדליכע אינסטיטוציע לוינט, נישט בלויז ס'לוינט זיך, נאר ס'איז פשוט א חוב אין דער יעצטיגער צייט צו נעמען א ווארט וועגען איהר, נישט לשם רעקלאמע-צוועקען, נאר כדי מתעורר צו זיין און אויפרודערען די שטאדט צו א גרעסערען אינטערעס. גראדע היינט, ווען אונזערע לעבענס-בעדינגונגען געפינען זיך אין א אויסטערליש-קריטישע פאזע, ווען ביי פיעל, זעהר פיעל קראנקע מענשען איז נישטא קיין ברוטה צו-ראטעווען זייער געזונד, און צוליב א דאקטאר, אדער א רפואה, וואס זיי האבען נישט, קען זיי אויסגעהן די נשמה — טאקע אין אזא קאטאסטראפאל-ערנסטען מאמענט דארף מען אט די בעשיידענע אינסטיטוציע ארויסרוקען אויפ'ן פראנט פון דער געזעלשאפטליכער ארענע, כדי יעדער זאל זיך נעהנטער צוקוקען און מעהר און בעסער זיך ערפאהרען, אז פיעל פון זיינע ברידער און שוועסטער האבען אין זייער קראנקהייט'ס-נויט נישט צו קיינעם זיך צו ווענדען, נאר צום „לינת-הצדק", וועלכער גיעט זיי אומזיסט דאקטוירים אפילו אין דער שפעטער נאכט, מעדיצינען, שיקט אהיים צום קראנקען משמורים נעכטיגען, כדי צו פערגרינגערען די שטוב-מענשען, וועלכע זענען שוין פערמאטערט געווארען פון ארומגעהן ביים קראנקען. אויסער דעם בעקומען די קראנקע ווען זיי ווערט בעסער און זיי נויטיגען זיך אין פפלעגע, דערקוויקענדע ערנעהרונגען פון „לינת-הצדק", ווי: וויין, פאמעראנצען, מילך, וויינטרויבען, וואס ווען נישט דער „לינת-הצדק" וואלטען פיעל ארימע קראנקע אפילו אין חלום דאס נישט געזעהן. פוועט קיינער, דאכט זיך, נישט האבען דאגעגען און יעדער איינער וועט אנערקענען, אז „לינת-הצרק טהוט זעהר א גוטע זאך. מיר גלויבען, אז קיינער וועט אזא טהעטיגקייט נישט קריטיקירען. דאס איז אבער נאך ווייניג. מ'דארף זיך צו דעם אויך פעראינטערעסירען צו וויסען, פון וואן נעמט דאס אויף דעם אלעם דער „לינת-הצדק", ווי אזוי קומט איהם אן איינצושאפען זיך די פינאנסיעלע מעגליכקייטען, כדי צו קאנען לינדערען די נויט פון ארימען יודישען קראנקען. טאקע וועגען דעם לוינט זיך בעזונדערס אבצושטעלען, און ס'שאדט נישט ארויסצוזאגען דעם סוד, אז די אינסטיטוציע האט שוין נישט איינמאהל גע'גוסס'ט און אט, אט שיער נישט אויסגעהויכט די נשמה, נישט קוקענדיג אויף איהר גרויסע נוצליכקייט און אלעמענס אנערקענונג. ס'איז גאר צו בעווינדערען, וואס ס'האבען זיך נאך געפינען אזעלכע ה"ה ווי ד"ר צונג, ביאלסקי א. א., וואס טראץ דעם גרויסען דעפיציט האבען זיי אויף זיך גענומען די שווערע אויפגאבע ווידער אריינצובלאזען אין דער אינסטיטוציע א רוח-חיים. האבען זיי טאקע צו זאגען און צו זינגען. ארבייטען זיי טאקע איבער די כוחות צו קענען שטעלען אויף די פיס דעם „לינת-הצדק". מ'קאן זאגען, אז דאנק דעם גוטען ווילען אין זעהר איבערגעגעבענער ארבייט פון דער יעצטיגער פערוואלטונג האט זיך דער ווידער-אויפבוי פון ליה"צ אין א געוויסע מאס איינגעגעבען. ווי ס'איז צוזעהן פון די עפענטליכע בעריכטען ארבייט יעצט דער אפאראט בעסער און די מעדיצינישע הילף ווערט אין א בעדייטענד גרעסערען מאסשטאב געלייסטעט. ווי ס'זאל אבער נישט זיין איז אהן דער געזעלשאפטליכער פעראינטערעסירונג דער מארגען נישט קיין זיכערער. איין שוואלב קאן קיין זומער נישט מאכען. די שטאדט מוז צו-הילף קומען און ס'איז א הייליגער חוב פון יעדען איינעם צו שטיצען אזא נוצליכע און נויטווענדיגע אינסטיטוציע ווי עס איז היינט — בפרט אין דער יעצטיגער אויסערסט-קריטישע צייט, ווען אפילו מענשען פון דער מיטעלער קלאס האבען נישט אויף קיין דאקטאר, און מעדיצין — דער „לינת-הצדק".

**ב. צווייג.**

# טאג = בוך פון א ראדאמער זעלבסטמערדער.

— ווער האט דיר צוגענומען דיין חייב, ווער איז דער פאטער פון דיין קינדז און דערפאר ביסטו מיר נאכגעגאנגען די גאנצע צייט וואס האב איך דערצוז — האט דער פולקאווניק געקלאפט אין טיש און זיך געווארפען ווי א חיה. פלוצלינג האט א ונפיסה-וועכטער אנגעקלאפט און דערלאנגט דעם פולקאווניק א וויזיטובקע. איבערלייענענדיג דאס, איז דער כעס פון פולקאווניק איינגעלאשען געווארען. ער האט אריינגעשמייכעלט אין דער וויזיטיבקע און ווערענדיג צו מיר אומגערעכט עפיס מאדנע גוט, איז ער צו מיר צוגעגאנגען, זאגענדיג: אלזא ביסט פריי און קאנסט געהן אהיים, נאר געדענקען זאלסטו, מעהר נישט צוטוהן אזעלכע נארישקייטען. —

איך בין ארויס פון קרימינאל זעהר נידערגעשלאגען ביי זיך. יא, דאס מאהל בין איך שוין געווען זיכער ביי זיך, ווער'ס דאס קינד איז. איך האב ארויסגעלייענט פון פולקאווניק'ס פנים און פון זיין האלטונג א סך, זעהר א סך. די וויזיטובקע, וואס דער פולקאווניק האט ערהאלטען און צוליב וועלכע ער איז צו מיר אזוי גוט געווארען, איז מיר אריין גוט אין קאפ. מיר איז באלד אין דער ערשטער רגע איינגעפאלען, אז דאס איז פון מיין פרוי, אבער ווי אזוי דערגעהט מען דאס ריכטיג, איך האב אין דער האנד א סך מאטעריאל, אבער שאפען פון דעם איין גאנצעס, דאס קען איך נאך נישט. ווי אזוי קריגט מען ארויס אויף דער ליכטיגער שיין די פערבארגענער געהיימניס?

ווען איך בין געקומען אהיים צו זיך אין שטוב, האב איך געטראפען א פולע שטוב מענשען, מיין פרוי'ס פאמיליע, שכנים און סתם בעקאנטע. אלע האבען זיי געהאט נייגעריגע פנים'ער און ווען זיי האבען מיך דערזעהן, זענען זיי פון איבעראשונג אויפגעשפרונגען, מיך ארומגערינגעלט פון אלע זייטען און יעדער האט צוגעווארפען א אנדערע פראגע. מען האט מיך געפארשט און אויפגעכאפט יעדען בליק, יעדע בעוועגונג מיינע. איך האב דערקענט אן זייערע נערוועזע געזיכטער, אז עפעס קוקען זיי אויף מיר מיט פערדאכט ווי זיי וואלטען מיך געהאלטען

# ד"ר אלכסנדר גאלדשטיין

## (צו זיין בעזוך אין ראדאם).

דאס יודישע ראדאם האט היינטיגען מיטוואך מקבל פנים געווען איינעם פון די אינטערעסאנטסטע שיתרענדע פערזענליכקייטען פון דער ציוניסטישער בעוועגונג אין דעם געוועזענעם רוסלאנד און איינער פון די בעסטע און אנערקענטסטע טוער פאר אונזער אויפבוי-ווערק, פארין „קרן-היסוד" אין דער יעצטיגער צייט — ד"ר אלכסנדר גאלדשטיין.

ד"ר גאלדשטיין איז נאך אלס סטודענט פון דער פעטערבורגער אוניווערזיטעט (וואו ער האט געענדיגט דעם יורידישען פאקולטעט), בעריהמט געווארען אלס טאלאנטפולער רעדנער און ארגאניזאטאר און האט באלד אין זיינע יונגסטע יאהרען פערנומען א זעהר בכבוד'יג ארט אלס מיטגליד פון דער רעדאקציע פון „ראזסוועט", ארום וועלכען עס האבען זיך דאן רעקרוטירט די אנפיהרער פון דער יודישער נאציאנאלער אינטעליגענץ אין רוסלאנד ווי א. אידעלמאן, וו. זשאבאטינסקי, מ. סאלאווייטשיק א. אנד.

א טהייל פון זיינע פובליציסטישע ארטיקלען האט ד"ר גאלדשטיין פערעפענטליכט אין רוסיש אין א בעזונדערען בוך. וואס האט אויך היינט א בעדייטענדען ליטערארישען ווערטה.

אין יאהר 1917, נאכ'ן אויסברוך פון דער רוסישער רעוואלוציע, איז אלכסנדר גאלדשטיין געוועהלט געווארען אין דער רוסישער גרינדונגס-פערזאמלונג.

אין יאהר 1919 איז ער געוועהלט געווארען אלס רעפרעזענטאנט פון דעם 3-מיליאניגען אוקראינישען יודענטהום אין דעם קאמיטעט פון די יודישע דעלעגאציעס ביי דער שלום קאנפערענץ, וועלכע איז, ווי בעקאנט, געפיהרט געווארען אונטער'ן פארזיץ פון פערשטארבענעם לואי מארשאל און פרעזידענט נחום סאקאלאוו, און וועלכער האט מיטגעהאלפען צו דער פערזיכערונג די שוץ פון די רעכט פון די נאציאנאלע מינדערהייטען אין די פרידענס-טראקטאטען.

שפעטער זייט יאהר 1920. ווידמעט זיך ד"ר אלכסנדר גאלדשטיין דער „קרן היסוד" ארבייט און שענקט זיינע זעלטענע אראטארישע און ארגאניזאטארישע פעהיגקייטען דעם „קרן היסוד".

אין זיין דאזיגער שווערער ארבייט דינט אים זעהר שטארק זיינע שפראכען-קענטנישען. וועלכע ערמעגליכען איהם צו רעדען גאנץ פריי און מיט'ן זעלביגען טאלאנט העברעאיש, יודיש, רוסיש, ענגליש, פראנצויזיש און דייטש.

ד"ר גאלדשטיין הויבט אן זיין ארבייט פאר'ן „קרן היסוד" אין יאהר 1920 און ארגאניזירט דאן מיט גרויס ערפאלג די ארבייט אין בולגאריען און ארגענטינא.

אין יאהר 1921 נעמט ער אנטייל אין דער דעלעגאציע, וואס איז געפאהרען קיין אמעריקא אונטער דער אנפיהרונג פון נחום סאקאלאוו און ארבייט דארט צוזאמען מיט פראפ. ווארבורג, חל. זשאבאטינסקי און קאלאנעל פעטערסאן.

אלכסנדר גאלדשטיין האט דאן בעזוכט אין אמעריקא אלע וויכטיגסטע צענטרען און אומעטום געהאט א גלענצענדען ערפאלג.

ער האט גענומען אנ'ענערגישען אנטייל אין דער ארגאניזירונג און דורכפיהרונג די „קרן היסוד"-קאמפיינס אין ניו-יארק, טשיקאגא, פילאדעלפיע, וואשינגטאן און אנדערע. ביי זיין דאזיגען טורנע אין אמעריקא האט גאלדשטיין בעזוכט 70 שטעדט.

נאך זיין בעזוך אין אמעריקא פאהרט ד"ר גאלדשטיין קיין רומעניען, וואו עס געלונגט איהם דורכצופיהרען די אקציע מיט גלענצענדע רעזולטאטען.

אין יאהר 1923 ווערט גאלדשטיין איינגעלאדען קיין קאנאדא, וואו ער פיהרט אדורך, צוזאמען מיט'ן קאלאנעל פעטערסאן, געוו. אנפיהרער פון „יודישען לעגיאן" אין ארץ-ישראל, דעם קאמפיין מיט זעהר א גרויסען ערפאלג.

נאכדעם ווערט ד"ר גאלדשטיין איינגעלאדען צום צווייטען מאהל קיין אמעריקא. וואו ער בעזוכט נייעטער א רייהע וויכטיגע יודישע צענטרען צווישען טשיקאגא און סאן פראנציסקא און ברענגט פון דארט דעם „קרן היסוד" בעסטע מאראלישע און מאטעריעלע ערפאלגען.

אין יאהר 1924 פיהרט ד"ר גאלדשטיין אן מיט דער ארבייט אין זיד-אפריקא און דארט געלונגט איהם פון א קיבוץ פון 60,000 יודען אויפצוברענגען פאר'ן „קרן היסוד" 75,000 פונט. אין יעדען ארט, וואס ער האט בעזוכט, איז ער אויפגענומען מיט ליבע און התלהבות.

אין יאהר 1925 איז ד"ר גאלדשטיין געווען דער פארזיצענדער פון דעם ספעציעלען קאמיטעט, וואס האט אנגעפיהרט מיט דער „קרן היסוד"-אקציע אין ענגלאנד, אין וועמענס שפיץ עס איז געשטאנען לארד מעלטשעט. א דאנק זיין רעדנער-קונסט און ארגאניזאטארישער ענערגיע, זענען די „קרן היסוד" הכנסות אין דעם יאהר אין ענגלאנד פערדאפעלט געווארען.

אין יאהר 1926 פיהרט ד"ר גאלדשטיין דורך די ארבייט אין האלאנד.

דער צווייטער שליח ה' נפתלי גערבאווסקי, וועלכער וועט פערבלייבען אין ראדאם און אנפיהרען מיט די „קאמפיין" ביז'ן סוף, איז א בעוואוסטער ציוניסטישער טוער פון ווילנא, א טאלאנטפולער רעדנער און ארגאניזאטאר, געוועזענער רעדאקטאר פון „מינסקער לעבען", הויפט-מיטארבייטער פון „פאר'ן פאלק" אין מינסק און רעדאקטאר פון „פריינד" אין ווילנא און פערנעהמט זעהר א בכבוד'יגען ארט אלס ציוניסטישער געזעלשאפטליכער טוער אין ווילנער געגענד.

רעד. נ. גערבאווסקי איז אויך זעהר פאפולער און בעליבט געווארען אין די שטעדט אין פוילען, וועלכע זענען דורך איהם בעזוכט געווארען אין די ענינים פון „קרן היסוד".

אומעטום איז איהם געלונגען צו פערברייטערען דעם קרייז פון די עסקנים און צו פערגרעסערען די צאהל פון תורמים פאר'ן „קרן היסוד".



פאר נישט נארמאל. זיי האבען ביי קיין מאל נישט געקענט פערשטעהן, ווי איך פאל-אויס צו טשעפען מיט'ן פולקאווניק און וואס איך האב געהאט צו איהם, וואס איך בין איהם כסדר נאכגעגאנגען. עפעס האט עס אין זייערע אויגען אויסגעזעהן משונה-ווילד און יעדער האט ביי מיר געפרעגט דערויף א בעשייד. איך האב געזאגט פערשידענע תירוצים, זיך געפלאנטערט מיט דער בינג, אז איך בין גארנישט אויסען געווען, כ'האב זיך אין עפעס פערטראכט און נישט צוזיפען פון גארנישט איז גראד אויסגעקומען אזוי, אז איך זאל כסדר נאכגעהן דעם פולקאווניק, וועמען איך האב אפילו נישט געקענט און נישט געזעהן. מיין תירוץ האבען די מעהר-קלוגערע און פערשטענדליכע אנגענומען פאר אנ'אויסרייד אזעלכען און זיי האבען דערביי איראניש געשמייכעלט. איך האב עס בעמערקט, אבער איך האב פערביסען געשוויגען און ארויפגעלעגט א שלאס אויפ'ן מויל און מיט פארזיכט געהיטען יעדעס ווארט, וואס איך האב ארויסגעזאגט. איך האב פעסט בעשלאסען, אז ביז וואס, ביז וואן איך וועל נישט האבען ענטדעקט די גאנצע געהיימניס—אז ביז דאן טאר קיינער נישט וויסען פון קיין שום זאך. זאלען זיך די קלוגע אנשטויסען, זאלען זיי טראכטען, וואס זיי ווילען—איך פון מיין זייט וועל זיי גארנישט צו-שאנהען, פון מיר וועלען זיי גארנישט דערגעהן. ניין, איך טאר נישט. איך קען נישט, זאלען מענשען מיך פריהצייטיג נישט נעמען אין זייערע מיילער אריין. דאס קאן נאך צושטערען מיין פלאן און מיין אויספארשונג'ס-אקציע קאן האבען א דורכפאל.

ניעט קאנענדיג ביי מיר זיך דערוויסען עפיס קאנקרעטעס, איז מיין שוויגער אריין אין צימער פון דער קינפעטארין און מיט ווייכע מוטערליכע צערטליכקייט גענומען ביי איהר אויספרעגען, וואס עס בעדייט מיין צוטראגענקייט, צי מיר האבען זיך צאהל נישט צעווערטעלט, אדער געקריגט. מיין שוויגער האט דוקא געוואלט דערגעהן די סבה פון מיינע לעצטע איבערלעבענישען. זי האט זיך פשוט געבעטען ביי מיין פרוי: — אבער זאג מיר, טאכטער, וואס איז דיין מאן די גאנצע צייט, זינט דאס קינד איז געפאלען אויף דער וועלט, אזוי נידערגעשלאגען, ער איז דאך נישט דער אייגענער מענש, שטענדיג פערזארגט, פערדאגה'ט, שלאפט נישט גאנצע נעכט. אויך בייטאג איז ער נישט אין דער היים, נאר בלאנדזשעט ארום און מעסט אויס די ראדאמער גאסען. נישט ער עסט, נישט ער טרינקט, תמיד רעדט ער צו זיך אליין. ער זעהט דאך אויס שוין באלד ווי משוגע. דאס פנים איז איהם איינגעפאלען, איינגאנצען זעהט ער שוין באלד אויס ווי א סקעלעט. רעדט נישט מיט קיינעם א ווארט און עפעס א מאדנע מרה-שחורה האט זיך אויף איהם צולעגט. זאג מיר, אדרבא, איך בין דאך א מאמע, פאר וואס זאל איך נישט וויסען? אפשר האט איהר זיך איבער עפעס „פשעמוויעט", צעקריגט און אפער האט איינער דעם

# פון שטאָדט-ראַט.

אויף דער זיצונג אין היגען שטאָדט-ראט, פאָריגע וואָך, איז אָנגענומען געוואָרען אַ צוגאַב-בודזשעט אויף אַ רייהע אויסגאַבען, וואָס זענען געמאַכט געוואָרען אויף דער אויסבויאונג פון אַ לאַבאָראַטאָריום און דעסטילאַרניאַ ביי דער גאַזאָווניע. די דאָזיגע אינוועסטיציע האָט פערברויכט 30 טויזענד זל. מיט וועלכע מ'האָט זיך בענוצט פון דער אולען-הלוואה.

אויף דער זעלבער זיצונג האָט דער שט.-ראט אויך בעשטעטיגט דעם סטאַטוט אויף וועלכען ס'איז אריינגעשטעלט אַ ספּעציעלער אָבצאָהל פון שטאָדטישע און דורכפאָהרענדע אויטאָבוסען פאַר שטעהן אויף די עפענטליכע פּלעצער, אָדער „זאַיאַזדען".

ביים אָננעמען דעם סטאַטוט פון שפּיטאָל פאַר גייסטיגע קראַנקע אויף דער קעלצער וואָיעוואָדזשטוואָ האָט זיך ענטוויקעלט אַ לעבהאַפטע דיסקוסיע. ה. פּרעזידענט אווזשעמבלאָ האָט רעפערירט וועגען דער וויכטיגער בעדייטונג, וואָס אַזאַ שפּיטאָל האָט פאַר אַלע שטעדט אין דער וואָיעוואָדסטוואָ.

בעת דער דעבאַטע שטעלט זיך אַרויס, אַז די קוראַציע פון אַזעלכע חולאים קאָסט אָן די סטאַט פיעל צעהנדליגער טויזענדער זל, דאָס פּסיכיאַטרישע שפּיטאָל אויף 800 בעטלעך, וואָס דערגרייכט די ציפער פון עטליכע מיליאָן זלאָטעס זאָל אויסגעהאַלטען ווערען פון די קאָמונאַלע אינסטיטוציעס, פון וועלכע דער אָבצאָהל וועט געמאָסטען ווערען לויט דער פּראָצענט-פערהעלטניש פון דער בעפעלקערונג אין יעדער שטאָדט. די סומע פון בייגעטראָגענעם אָבצאָהל זאָל אויסמאַכען בערך 200 מיט איינציגע צעהנדליגע טויזענד זל. דאָס היינטיגע יאָהר וואָלט ראַדאָם געברויכט בייטראָגען 5000 זל.

אין רעזולטאַט פון דער דיסקוסיע איז בעשטימט געוואָרען צו רופען אַ ספּעציעלע קאָמיסיע, וואָס זאָל זיך אויספיהרליך בעקענען מיט דעם פּראָיעקטירטען סטאַטוט.

דער שטאָדט-ראט האָט דערנאָך די הלוואה פון 1925 אויף אויפצובויען דאָס הויז אויף מלעטשנא, וואָס איז געמאַכט געוואָרען אויף אַ קורצען טערמין, פערלענגערט אויף 17 מיט אַ האַלב יאָהר מיט אַ צושלאָג פון 3 פּראָצ.

אויף דער זיצונג איז אריינגעטראָגען געוואָרען אַ פאָרשלאָג פון דריי לינקע ראַטמענער צו העכערען דעם אָבצאָהל פאַר עפענען דאָס טויער אין די נאַכטשעה'ען. פון 15 גר. וואָס איז ביז יעצט געווען די טאַקסע זאָלען די סטרוזשעס בעקומען פאַר עפענען ראָס טויער 30 גר. ביז 12 ביינאַכט און פון 20 ביז אויף 50 גר. פאַר עפענען דאָס טויער נאָך 12 ביינאַכט. דער פאָרשלאָג, ווייזט אויס, איז געווען ניט מיט'ן הסכם פון די אייגענע חברים ראַטמענער, ווייל ער האָט אַרויסגערופען אַ געגנערישע שטעלונג כמעט פון גאַנצען שטאָדט-ראַט. אַ טייל ראַטמענער האָבען זיך געפינען אין פערלעגענהייט. פון איין זייט האָבען זיי נישט געוואָלט אָנגרייפען די אָרימע סטרוזשעס און נישט געהאַט דעם מוטה צו בעקעמפפען די הוספה, אָבער פון דער צווייטער זייט האָבען זיי פּאַרט נישט געקענט מסכים זיין, נעמענדיג אין אַכט, וואָס דאָס וועט שטאַרק אָנריהרען אַ געוויסע קלאַס פון דער בעפעלקערונג, איבערהויפּט אָרימע און אַרבייטסלאָזע, ביי וועלכע אַ 100 פּראָצ. הוספה ביז 50 גר. איז אַ בעדייטענדע מטבע.

אַרום דעם פאָרשלאָג האָט זיך געצויגען אַ לענגערער ויכוח. צום סוף איז דער פאָרשלאָג צוריקגעצויגען געוואָרען און ראַטמאַן קאָמליאַר האָט אויסגעפינען אַ פּשרה: נעמליך, פון 15 גר. צו העכערען אויף 20 און דאָס ביז 12 ביינאַכט און פון 20 אויף 30 גר. פון נאָך 12. ה' קאָטליאַר'ס קאָמפּראָמיס איז אָנגענומען געוואָרען.

אין דער קאָמיסיע פון עפענטליכע השגחה זענען מצד די יודען אַריין די ה"ה אברהם פינקעלשטיין, איתמר אַדלער.



ווייטען בעליידיגט, דאָ איז דאָך עפּיס נישט פשוט. ניין טאַטעשי, דאָ האָט עפּיס געמוזט פּאַסירען. אַ מאַמעס האַרץ פיהלט, זאָג, רעד, פאַר וואָס שווייגסטו? זאָג מיר עפּעס, אפשר וועל איך איהם קאָנען איבערבעטען, אפשר האָט זיך עמיצער אַרויסגעכאַפּט מיט אַ שלעכט וואָרט, וועל איך עס פערגלעטען, פערריכטען. אַזוי קאָן דאָך נישט זיין. מאָרגען איז דער ברית און ס'קאָן נאָך, חלילה, ווייטער עפּעס געשעהן. דיין מאַן איז דאָך אַ שטילער, אָרענטליכער יונגערמאַן. מסתמא טהוט דאָך איהם עפּעס וועה. איך דערקען אָן זיין פערביטערטקייט, אַז ער טראָגט אַ שטיין אונטער'ן האַרץ. ער איז פון עפּעס דורכגעקרענקט און ער ליידעט זעהר אַ סך. געוויס ווייסטו, ביסט דאָך אַ ווייב און ווער דען זאָל וויסען אויב נישט דוז אפשר איז גאָרנישט, און אפשר איז יאָ עפּעס. איך בין דאָך אַ מאַמע, וועל איך אויפשטעלען מיינע פּלייצעס און אַלץ פערדעקען, אַלץ בעשיינען און צופיהרען צו אַ שלום. עפּיס מורמלען מענשען — האָט מיין שוויגער גערעדט אַ ביסעל שטילער און דערביי אונטערגעזיפצט — עפּעס רעדען זיי האַלבע ווערטער, איך פערשטעה מיך נישט דערויף, נאָר האָט זאָלען מענשען ברומען און יאָ עפּיס וויסען, און איך אַ אייגענע מאַמע זאָל דאָס אַלץ צוזעהן און נישט אָנהויבען צו וויסען וואָס דאָ קומט פאָר? איך פרעג דיך, טאָכטער, איז אַזוי ריכטיג, ברויך אַזוי צו זיין?—

ווען מיין שוויגער האָט אַזוי איינגעטענה'ט מיט מיין פרוי איז קיינער ביי מיר אין שטוב נישט געווען. ס'איז געווען ביינאַכט — די וואָך-נאַכט, וואָס אויף צומאָרגענס האָט געברויכט קומען דער ברית. געקאָכט און געבאַקען האָט מען ביי מיין שוויגער אין שטוב. ביי מיר אין וואָהנונג איז געווען רוהיג. איך בין געזעסען אין עס-שטוב און מיט געשפּאַנטער אָנגעשטרענגטקייט האָב איך זיך צוגעהערט צום געשפּרעך צווישען מיין שוויגער מיט מיין פרוי. איך האָב איינגעהאַלטען דעם אָטעם און פון שטילקייט האָט מיר גוש גערוישט אין די אויערן. אז איך האָב געהערט, אז דאָרט אין שלאָף-צימער, וואו ס'איז געלעגען מיין פרוי, ווערט שטיל, האָב איך זיך צוגעשאַרט אויף די שפּיץ-פינגער צו דער טהיר אויסצוכאַפּען אַ וואָרט פון דעם געפּיתרסטען געשפּרעך. אַ ווייל האָט דאָרט אויף יענער זייט טהיר געהערשט אַ אָנגעשטרענגטע שטילקייט. מיין פרוי האָט גאָרנישט געענטפערט און מיין שוויגער האָט ווייטער אָנגעהויבען רעדען:

—טאָכטער, דיין שווייגען געפעלט מיר נישט. איך האָב דיר ביז יעצט גאָרנישט געוואָלט זאָגען, וואָס ס'איז היינט פערלאָפען מיט דיין מאַן. צוליב דיין שוואַכען געזונד-צושטאַנד האָבען מיר דאָס פערהוילען פאַר דיר, אָבער איצט קאָן איך מעהר נישט פערשווייגען און מוז דיר דערצעהלען — און מיין שוויגער האָט גענומען אויספיהרליך דערצעהלען, ווי אַזוי איך האָב פערפאָלגט דעם פּולקאָווניק און ווי אַזוי מ'האָט מיך אַרעסטירט און אָנגעפיהרט אין קרימינאַל אַריין. פון וואַנען מ'האָט מיך ערשט פאַרנאַכט בעפרייט. די לעצטע נייעס האָט, ווייזט אויס, שטאַרק געווירקט אויף מיין פרוי. זי האָט אויסגעפּלאַצט אין אַ געוויין און שלוכצענדיג אויסגעזיפצט מיט אַ טרעהרען-אָנגעפילטע שטימע: — כ'ווייס נישט וואָס ער וויל פון מיר. אַזאַ מין אידיאָט, ער האָט געמוזט משוגע ווערען. כ'ווייס נישט, צי ער האָט אויף מיר אַ אומ-חן געוואָרפען. אָדער ער איז מיך אין עפּיס חושד און וויל אַזוי אַרום אַ תל מאַכען פון זיך און פון מיר און נאָך מעהר פון דעם אומשולדיג קינד.—

(פאָרטזעצונג קומט).

# אינטערעסאנטע זיצונג פון דער נייער קהלה-פערוואלטונג צוזאמען מיט'ן גאנצען ראדאמער ראבינאט.

נאך צוויי וואכען, וואס דער פראוויזאריום האט איבערגענומען די קהלה-לייטונג, איז צום ערשטען מאהל גערופען געווארען א זיצונג היינטיגען דינסטאג, פון גאנצען ראבינאט, אין צוזאמענשטעל פון הרב קעסטענבערג און די דריי מורי-הוראות: טייטעלבוים, ר' מענדעל סקארישעווער און קוויפער רב. די זיצונג עפענט דער פרעזעס ה' אלי טענענבוים, וועלכער ערטיילט דאס ערשטע ווארט דעם דאזאר ה' גרשון לעווין. וועלכער איז אמיינסט בעהאוונט אין דער שחיטה-פראגע, וואס איז געשטאנען אלס ערשטער פונקט אויף דעם טאג-ארדנונג. ה' לעווין גיעט א איבערבליק וועגען דעם וואס אין אנארכיע, וואס הערשט די עטליכע יאהר אין דער ראדאמער שחיטה. ער גיעט איבער א רייהע פאקטען פון פערקויפען נישט געטרייבערט פלייש אלס כשר אין דער צייט ווען אין דער פריהערדיגער קהלה האט עקזיסטירט א מכלומר'שטער ועד הכשרות מיט א פיקטיווען ראבינאט. ה' לעווין זאגט, אז ווען די קצבים האבען געפרובט פערטיידיגען זייער ברויט האט די גמינע אינסצענירט א ועד הכשרות און באלד נאכהער ווי די קצבים זענען בעקעמפט געווארען איז גלייך דער ועד הכשרות ליקווידירט געווארען. ער פערענטפערט דעם מורה הוראה טייטעלבוים פאר זיין פערנאכלעסיגען די כשרות-פראגע דערמיט, וואס ער איז צופיעל פערנומען מיט אנדערע זאכען ווי מיט געהן אויף אלע חתונות מסדר קידושין זיין, אונטערשרייבען אקטען א. ד. ג. ה' לעווין לעגט דאך פאר צו בעשטראפען דעם ראבינאט פאר דערלאזען צו אזא הפקרות אין ריין-רעליגיעזע פראגען און פאר גורם זיין, אז יודען זאלען עסען טריפות.

מ"ה טייטעלבוים טרעט שארף ארויס נעגען דער בעשולדיגונג, ערקלערענדיג, אז ער פיהרט אמבעסטען אויס זיינע ריטועלע פליכטען און גרייסט שטארק אן דעם ה' לעווין. דאן נעמט א ווארט הרב קעסטענבערג, וועלכער ערקלערט, אז ער איז געקומען אויף דער זיצונג געגען זיין ווילען, ווייל ס'קומט איהם אויס צו'זיצען מיט מענשען, מיט וועלכע ס'איז איהם זעהר אונאנגענעהם (געמיינט די ביז יעצטיגע פיהרער פון ראבינאט), דאך איז ער געקומען, ווייל ער בעציהט זיך מיט דער געהעריגער אכטונג צו די נייע פרנסים, וועלכע זענען די אפיציעלע פארשטעהער פון דער שטאדט. הרב קעסטענבערג ערקלערט ווייטער, אז ער דריקט אויס זיינע גרעסטע סימפאטיעס פאר ה' לעווין, אלס רעפרעזענטאנט פון די יודישע האנדווערקער, וועלכער פערטיידיגט אזוי ווארים די רעליגיעזע בעדערפענישען פון דער שטאדט. הרב קעסטענבערג ערקלערט, אז אויף זיין און זיין פאטער'ס אדרעס קאנען נישט פאלען די טענות פון ה' לעווין בנוגע דעם טרויריגען צושטאנד פון דער שחיטה, ווייל די פריהערדיגע גמינע האט זיי פולשטענדיג געשטערט אין אויספיהרען די רעליגיעזע פונקציעס, און ער וונדערט זיך זעהר, וואס איין מורה הוראה פרובט פערענטפערען, אז ס'איז אין בעסטען ארדנונג. לויט זיינע אויספיהרונגען פאלט די גאנצע שולד ארויף אויפ'ן מ"ה טייטעלבוים.

ה' לעווין ענטפערט, אז איהם בעפרידיגען נישט די ארגומענטען פון הרב קעסטענבערג, ווייל ער אלס ראדאמער רב, האט זיך נישט געטארט פערלאזען אויף א פרעמדען מ"ה, וועלכער איז אבסאלוט נישט בעקאנט אין שטאדטישע פראגען. אויב די פראגע פון כשרות וועט נישט ווערען פולשטענדיג רעארגאניזירט, זאגט ער זיך אב צו נעמען וועלכען ס'איז אנטייל אין די שחיטה-ענינים, וואס ס'איז איהם אנפערטרויט געווארען.

דער דאזאר ה' ירחמיאל גוטמאן, אלס בעקאנטער למדן, נעמט אן אקטיווען אנטייל אין דער פאלעמיק בעת וועלכער ער ווייזט ארויס גרויס פערשטענדניש און שארפזיניגקייט אין רעליגיעזע פראגען. ער קריטיקירט זעהר דעם מ"ה טייטעלבוים, וועלכער אנשטאט צו געבען א זאכליכען ענטפער אויף דער בעשולדיגונג פון ה' לעווין, וואס האט איבערגעגעבען א פאקט פון א טריפה'נע ברוסט, וואס מ'האט פערקויפט פאר כשר — פטר'ט ער אב מיט שהי-ופהי און בייזערט זיך נאר. ה' גוטמאן וונדערט זיך נאר, וואס מ"ה טייטעלבוים האט אזוי געטריי געדיענט און בלינד געפאלגט די ראדאמער מושלים ביים אוועקנעמען מיט דער הילף פון פאליציי די מעטריקע-ביכער פון ר' מענדעל קעסטענבערג, וועגען ער האט אזוי פיל שופך דם געווען. פאר וואס — פרעגט דאזאר ה' גוטמאן — האט ער דאן בעוויזען אזא העלדענמוטה און אלס שליח פון מענשען בעלי נקמה אזוי אויסגעצייכענט זיך ביי זיין מיסיע, און אין ענינים פון כשרות, וואס איז א געבאט פון דער תורה איז ער אזוי אומבעהאלפען און ענטשפרעכט נישט זיין שליחות, אלס גייסטיגער פארשטעהער.

קייפער רב בעט, אז מ'זאל נישט רעדען פון דער פערגאנגענהייט.

דער פרעזעס ה' אלי טענענבוים, וועמען ס'קומט אויס צו פערמיטלען ביי די שארפע, היציגע דיסקוסיעס, פערענטפערט דעם מ"ה טייטעלבוים דערמיט, וואס ער איז ביז אהער געווען איינער אליין און ער קאן נישט זיין פערטראטען אומעטום: מיר, זאגט ה' טענענבוים, זענען נישט געקומען אין גמינע טרייבען קיין פאליטיק. ווען איך בין געווען דאזאר מיט איניגע יאהרען צוריק, האט הרב קעסטענבערג ביי מיר אינטערווענירט, איך זאל דורכפיהרען אפיציעל דעם אמט פון ה' טייטעלבוים אלס עטאטאווע מורה-הוראה, בשעת ער האט געוואוינט אויף דער סקארישעווער גאס אלס ווינקעל-מ"ה. מיר וועלען זיך רעכענען מיט אונזער געוויסען, וואס איז אויסען נאר לטובת די שטאדט. ה' טענענבוים דערמאנט א פאקט, ווען מיט איניגע יאהר צוריק, בעת ער מיט ה' גאלדבוים זענען געווען אין גמינע און עטליכע שונאים האבען ארויסגעלאזט א קלאנג, אז ס'איז עפעס נישט אין ארדנונג מיט מעהל. האבען זיי תיכף אלס פראטעסט געלעגט די מאנדאטען און פערלאזט די גמינע, נישט קוקענדיג דערויף, וואס זיי זענען דורכ'ן דאמאלדיגען סטאראסטא בעשטראפט געווארען פאר אליין זיך אבזאגען פון גמינע.

מ"ה טייטעלבוים ערקלערט, אז ער קען דעם ה' טענענבוים אלס זעלטען ערליכער מענש מיט א ריין געוויסען וועלכער איז בכלל נישט פעהיג קיינעם צו בע'עוולה'ן.

א לענגערע דיסקוסיע רופט ארויס די פראגע פון ועד הכשרות. מ"ה טייטעלבוים האלט, אז אזא קאמיסיע עגזיסטירט און צעהלט אויך גאנצע 60 מאן. הרב קעסטענבערג בעט מ'זאל איהם געבען א פראטאקאל וואס פון 4 מאנאטען צוריק. וואס זאל בעווייזען, אז ס'איז אמאהל געווען א זיצונג פון ועד הכשרות. דער קהלה-בעאמטער ה' זילבערבערג ערקלערט, אז נאך דריי יאהר האט די כשרות-קאמיסיע אבגעהאלטען בס"ה צוויי זיצונגען. אויפ'ן גרונד פון אט די ערקלערונג ווייזט זיך ארויס, אז אזא קאמיסיע האט עגזיסטירט בלויז אויפ'ן פאפיער. די פרנסים טענענבוים, לעווין, גוטמאן, דרוקען דעריבער אויס זייער גרעסטע בעווּנדערונג, וואס נאך אזעלכע בולט'ע בעווייזען האט מ"ה טייטעלבוים געהאט דעם מוסה צו ערקלערען, אז ס'איז דא א ועד הכשרות, וועלכער בעזארגט די שטאדט מיט כשר פלייש.

פרעזעס ה' אלי טענענבוים ווענדעט זיך צו די 4 פארשטעהער פון ראבינאט מיט אן אפעל, זיי זאלען זיך פולשטענדיג אונטערווארפען די בעשלוסען פון דער נייער קהלה-פערוואלטונג. ער ערקלערט, אז די יעצטיגע גמינע איז נישט אריין קיינעם צוטוהן קיין עוולה, נאר אויסבעסערען די גוואלדיגע דעפעקטען, פון וועלכע די שטאט האט אזוי פיעל געליטען. הרב קעסטענבערג און זיין פאטער האבען ערקלערט, אז זיי נעמען צום קענטניס דעם אפעל פון פרעזעס. דאגעגען מ"ה טייטעלבוים האט ערקלערט, אז ער וועט זיך אונטערווארפען נאר דאן, וואס די פראווע הייסט.

# אונזער לאַנדסמאַן ה' ראַדאָמסקי געזעגענט זיך מיט ראַדאָם.

6 וואָכען האָט דאָ ביי אונז אין ראַדאָם געווײלט איינער פון די איבערגעגעבענסטע ראַדאָמער לאַנדסלייט אין אַמעריקא, ה' טשאַלי ראַדאָמסקי. במשך פון דער צייט האָט ער פיעל געלייסטעט פאַר אונזער שטאָדט. אויסער די געלדער, וואָס ער האָט געברענגט פאַר די אינסטיטוציעס: בית־יתומים, חינוך־ילדים, קימפעטאָרען־פעראיין, לינת־הצדק, האָט ער אויך פערטיילט צווישען די דרילדושער יודישע איינוואָהנער 150 דאָלאַר פון זייערע קרובים. אויסער דעם האָט ער צוטיילט גרויסע נדבות פאַר היגע אָבגעקומענע מענשען פון זיין אייגענער טאַש.

פאַר־גען פרייטאָג־בײַנאַכט האָט ער בעזוכט ראַס היגע יודישע שפּיטאָל, וואו ער האָט געטיילט די קראַנקע ווײַן, פּאָמעראַנצען און לעקעך. דינסטאָג האָט ער זיך האַרציג געזעגענט מיט די קינדער פון חינוך־ילדים, פאַר וועלכע ער האָט איינגעאָרדענט א באַל. ביים געזעגענען זיך איז געווען אַנוועזענד די גאַנצע פערוואַלטונג. דעם ה' ראַדאָמסקי איז דערלאַנגט געוואָרען א ספּעציעל־אויסגעפּערטיגטער אדרעס אויפ'ן נאָמען פון חינוך־ילדים.

אויף א גאַר בעזונדערס האַרציגען אופן האָט זיך ה' ראַדאָמסקי געזעגענט מיט די קינדער פון בית־יתומים. צום געזעגענען האָט ה' ראַדאָמסקי איינגעאָרדענט א רייך מאָהלצייט פון כל־טוב פאַר די קינדער און זקנים. ער איז געקומען אין בעגלייטונג פון דאָקטאָר ה' בנימין האָכמאַן און פרוי האָכמאַן.

די קינדער האָבען דעקלאַמירט פערשירענע העברעאישע און פּוילישע לידער און אויסגעפיהרט א רייהע ריטמישע טענץ. איינער פון די יונגסטע קינדער, א זעקס־יעהריג יונגעלע האָט זיך געווענדעט צום ה' ראַדאָמסקי מיט פאָלגענדע ווערטער: אין נאָמען פון מיינע שוועסטערלעך און ברידערלעך, די יתומים, דאַנקען מיר אייך פאַר דער ביז־איצטיגער הילף און וואַרימע סימפּאַטיע פאַר אונז און מיר בעטען אייך אויף ווייטער אין אונז נישט צו פערגעסען. דאָס מאַכט אויף דעם ה' ראַדאָמסקי און אויף אַלע געסט א ריהרענדען איינדרוק ביז טרעהרען.

ה' ראַדאָמסקי קאָן זיך פשוט נישט שיידען מיט די קינדער און פערברענגט מיט זיי האַרציג און פאָטערליך איינע שעה. ביי הילכיגע ווינשונגען פון די קינדער פערלאָזט ה' ראַדאָמסקי דאָס יתומים־הויז, צוזאָגענדיג, אז ער וועט פאַר די קינדער־יתומים טוהן וואָס ער וועט זיין ביכולת.

בעת דער געזעגענונג זענען אַנוועזענד געווען ד"ר סקאָווראָ מוליער און פרוי ראָזענבלאַט.

## עפּידעמיע

גריפּע, טיפוס און אנדערע קרענק סטעמפּעלט אַלעמערשטען די הויכע טעמפּעראַטור. בכדי צו קאָנסטאַטירען דעם בעשטאַנד פון די קרענק בעדאַרף מען תיכף צו מעסטען די היץ, בענוצענדיג אין אזעלכע פאַלען דעם פּיהל־באַרען פּרעציזיאָנס טערמאָמעטער „KRAMERA", מען דערפילט א פּרינציפּיעלען בעדינג און דאָס ערמעגליכט דאָס צופּאַסען אין סאַמע אָנהויב פון די קרענק געגענווירקענדע מיטלען.

ד"ר ל. ק.





# עפענטליכע ערקלערונג.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם נאָטיץ אין „היינט" № 58 וועגען דער אויפלעזונג פון די ראַדאָמער קהלה, געפינען מיר פאַר נויטיג אויפצוקלערען פאָלגענדעס:

1) עס שטימט נישט מיט די ריכטיגקייט, אז די יעצטיגע צייטווייליגע קהלה־פערוואַלטונג איז נאָמינירט געוואָרען פון ה' סטאַראָסטאַ; דער צוזאַמענשטעל איז פאָרגעשטעלט געוואָרען דורך פערשידענע אָרגאַניזאַציעס און ריכטונגען זיי זאָלען זיין פערטרעטען אין זייער נאָמען אין פּראָוויזאָריום.

2) דאָס פונאַנדערלאָזען דעם ראַט און פערוואַלטונג פון דער פריהערדיגער קהלה, איז נישט געשעהן לויט'ן אייגענעם רצון פון ה' סטאַראָסטאַ, נור דאָס איז א פועל יוצא פון איינינגע יאָהר פּראָטעסטען דורך די ברייטע יודישע פאָלקס־מאַסען פון אַלע פּאַרטייען און קלאַסען געגען דער אונערהערטער ווירקירליכער טהעטיגקייט פון די ביז יעצטיגע קהלה־פירער, וואָס דאָס האָט אַמ'בולט'סטען בעוויזען די לעצטע פּראָטעסט־מיטינגען פון טויזענדער אַנוועזענדע, אויף וועלכע ס'איז אָנגענומען געוואָרען איינשטימיגע רעזאָלוציעס אויפצולעזען די קהלה.

3) דער פאַקט, וואָס הונדערטער ראַדאָמער יודען האָבען פשוט געצווינגען מיט כח די פריהערדיגע פערוואַלטונג'ס־מיטגלידער, צו פערלאָזען דעם לאָקאַל פון גמינע און אויך וואָס די לעצטע זיצונג פון ראַט איז געשטערט געוואָרען פון א גרויסען המון און נישט דערלאָזט אָנצונעמען א רעזאָלוציע זיך משתדל צו זיין ביי דער מאַכט, אז די פריהערדיגע קהלה, זאָל ווייטער בלייבען — דאָס אַלץ בעווייזט אויף דער געוואַלדיג אויפגערעגטע שטימונג מצד דער גאַנצער יודישע בעפעלקערונג געגען דער געוועזענער קה"ה.

4) דאָ קאָן בכלל קיין רייד נישט זיין וועגען בערויבען די אויטאָנאָמע רעכט פון דער יודישע קהלה, ווייל צוליב די געשאַפענע לאַגע, ווען נישט די פעראָרדנונג פון סטאַראָסטאַ וואָלט עס צוגעברענגט צו זעהר טרויעריגע סקאַנדאַלען, וואָס איז נישט פּאַסיג פאַר אזא קהלה ווי ראַדאָם, און צוליב דעם פיהלט די גאַנצע יודישע בעפעלקערונג אין ראַדאָם גרויס דאַנקבאַרקייט און אנערקענונג פאַר'ן ה' סטאַראָסטאַ, וועלכער האָט געהאַנדעלט לויט'ן אויסדריקליכען פערלאַנג און וואונש פון די ראַדאָמער יודען, ביי וועמען מען האָט אויסגעפּרעסט אונגעהויערע סומען אויף נוצלאָזע און אונפּרוכטבאַרע צוועקען.

5) דער מחבר פון נאָטיץ ה' פאָגעלמאַן איז שוין אין ראַדאָם נישטאָ א רייהע יאָהרען, און ער האָט אַבסאָלוט דעם מינדעסטען אהנונג נישט אין די קהלה־פערהעלטנישען. ער איז וואַהרשיינליך אינספּירירט פון א טייל געוועזענע פרנסים, וועלכע ווילען בלייבען ביי דער מאַכט פאַר יעדען פּרייז געגען ווילען פון דער שטאָדט.

גלייכצייטיג ערקלערען מיר, אז דאָס אריינמישען זיך פון דעפּ. גרינבוים איז געגען די אינטערעסען און רצון פון דער ראַדאָמער יודישע בעפעלקערונג, און אויך אפילו פון זיינע אייגענע פּאַרטייגענאָסען.

מיט אַכטונג
די צייטווייליגע קהלה־פערוואַלטונג
אין ראַדאָם.

206—05.

# אונזערע ליבע, הארציגע ווילנער אין ראדאם.

אויף די צווייטע וואך וועלען מיר האבען טייערע געסט פון ווילנא — די ירושלים דליטא. דאס איז די יודישע דראמע און אפערעטען-טרופע פון אונזערע הארציגע חאש'ס, קאדיש'ס, נחמהס און שריפטזעצער'ס פון ווילנא. אויסער ארטיסטישען טאלאנט און קינסטלערישע בעגאבונג, מיט וואס די טרופע איז דורכגעדרונגען אין אלע זייערע רמ"ח איברים, פערמאגען זיי נאך עפעס. דאס איז די נשמה יתירה פון עכטער יודישער התלהבות און אינערליכע צושטראהלטע פאלקסטימליכקייט, וואס דערהויבען און רייסען-מיט דעם יודישען טעאטער-בעזוכער אין א וועלט פון גייסט און גענוס.

ווער ס'האט געזעהן איינמאהל די ווילנער שפיעלען וועט זיך שוין פון זיי גישט בעפרייען. דער ווערט צו זיי צוגעבונדען און ווארימט זיך אין זייער עקסטאז, אין זייער צופלאקערטע קינסטלערישען פייער, וואס גלעט און פערוויגט אין אימפולסיוו-סובטועלער בעגייסטערונג'ס-ערוואכונג. ס'איז ממש א נחת און א זכיה צו זעהן און צו הערען די ווילנער, די קינדער פון ירושלים דליטא. נישט בחנם ווערען זיי אויפגענומען אין אלע שטעדט און שטעדטלעך מיט ברייטע ארעמ'ס און מ'איז זיך מיט זיי משמח ווי מיט א טייערען אבן-טוב.

אונזערע הארציגע ווילנער קומען קיין ראדאם נאר אויף דריי גאסטראלען און מיר ווילען גלויבען, אז אייך אונזער שטאדט וועט וויסען ווי אזוי זיי צו עמפפאנגען און וואס פאר א קבלת פנים זיי צו צוטיילען פון דעם שענעם יום-טוב וואס זיי וועלען אונז פערשאפען אין די גראהע וואכעדיגע טעג.





## דאנקזאגונג.

איך דריק דערמיט אויס מיין טיפסטען דאנק די ג' פערוואלטונג פון „לינת-הצדק" פאר איהר אינטענסיווע ארבייט אין ערטיילען מיר ביינאכט פאר מיין פרוי די נויטיגע מעדיצינישע הילף אין קוואטאק, און א בעזונדערען דאנק דעם ג'ה ד"ר ווראנסקי פאר זיין איינמענסיווע ארבייט.

מיט כבוד וואווע רובינשטיין

כס. מיאסא 9.















Redaktor Ch. M. Herc Drukarnia Wyd. „Radomer Kielcer Leben" Radom, Szwarlikowska 28.